הערמאן גאָלד

# אין מיין שטאָט בריסק

א רינג אין פיראונצוואנציג לידער



פארלאג לעבען
נויארק, 1920

## א.

איך גיב א פּאטש מיין חלום און רייס אויף די אויגען,
אזוי זעה איך דעם נייעם פריהמאָרגען.
און אזוי ווי דער חלום איז געווען אזוי שען,
אזוי שען איז געווען דער פריהמאָרגען.
און אזוי ווי די אויגען זיינען אין חלום נאָך פארפלאָנטערט,
אזוי ווער איך איינגאנצען פארשלונגען אין מיין מאָרגען,
וואָס וועבט זיך מיט מיר, פון מיר און צו מיר,
אזוי ווי די ליכט פון די ליכט צו די ליכט,
פון מיין נעכטען און היינטיגען מאָרגען.

ב.

מיין געזאנג צו דעם חלום, ער איז אזוי שען,
ווייל ער איז געוועזען ווען איך בין געוועןן!

ג.

אין בריסק, אין דער שטאָט וואו פייערס פון גאָט
האָבען צוריסען אלטע דורות און אלטע וועגען,
און ניי איבערגעמאכט.
אין בריסק, אין דער שטאָט וואו אלץ ווערט פארשלינגען
אין א ווייט הימעלנאכט,
און פארגעסען אין אלטקייט,
און ווערט ווידער אלט
צום נייעם פריהמאָרגען.
אין בריסק, אין דער שטאָט וואו אלץ איז אלט,
און שטעהט אין געשיכטע. —
דאָרט אויף דעם הויף,
אין מיטען א שוהל,
און צום מזרח, אין רב׳ס הויז
מיר זיצען, מיר מאכען געשיכטע.

ד.

איז עדות די שוהל, געפייערט אין פייערס,
דריי מאָל פאר אונזער אויג,
אין די לעצטע צוויי יאָהר צעהנדליג;
עדות די ספרים, וואו עס ליגען אין די בלעטער
גרויע האָר פון דעם אלטען רבי חיים,
און צו לענגערע יאָהרען, פון אייניקעל, און ווייטער,
וואָס טראָגען דעם זעלביגען נאָמען.

עס פייערט די זון וואָס געהט אונטער אין מערב
און שפּיגעלט זיך אין שוהל פענסטער פאר אונזערע אויגען. —
און עדות: —
ווי עס ברענט אין אונז דער גרויסער דער אלטער, דער
אייביג יונגער באגעהר,
די אידישע תורה און דער אידישער גייסט
זאָל זיין געהייליגט, ווי די גרויסקייט פון דער וועלט
פון מזרח ביז מערב,
ווי די גרויסקייט פון דעם גאָט אין מזרח-ביז-מערב,
ווי די גרויסקייט פון דאָס גרויסע וואָס ברענט און ברענט
און ווערט ניט פארברענט,
און מיר טראָגען עס מיט אונזערע הענט.

## ה.

ביי מיר אין דעם צימער, וואו א פאס מאָרגענליכט
איז מסתמא געפאלען אויף דעם חלום-געוועב, —
דאָרט שטעהט דאָך אין ווינקעל דאָס קעסטעל פארשלאָסען,
מיט יענע פאפירען פארשריבען מיט בליי.
איך האָב זיי אמאָל געלייענט צו מיינע צוויי פריינד
מנחם און האלפערין,
און זיי וויסען: אנ׳ארטיקעל מיט פרעטענזיעס
צו אידישע פאָעזיע. —
ווי אזוי זיינען די בליישריפטען היינט אין בילדער געקומען,
און געוויקעלט זיך אין פארביגען נאכטפאל פון בריסק?

ו.

אזוי זאָגט דער רב, און זיין ווייסע באָרד רעגט זיך, —
די ווייסע באָרד האָט שוין גענוג איבערגעלעבט
די טעג פון טענות און פארלאנגען: —
וואָס ווילען די גוים, דער ערב רב פון אונז,
מיט די געגאָלטע מאָרדעס און מעשענע קנעפּלעך?
געטריבען צו אונז מיט א קנוט און רוט שאנד,
זיי ווילען אונז געהן זוכען א לאנד,
פאר דעם אידישען גייסט?
צו זעהען זיי בעטלער אין אייך? מיר זיינען רייך,
און פרעמדע דארפען ניט זוכען פאר אונז.
זאָלען זיי אוועק פון אונזער טיש,
מיט זייערע גויאישע ווייבער און גויאישע שפּראכען,
וואָס זיינען געקומען צו אונז!

ז.

און מיר, אונזער יונג הארץ געהט דאָך אויס
צו דאָס נייע וואָרט. נייע כחות, פרישע,
אזוי פיעל געהען אָפּ, אזוי וועניג קומען צו,
אָבער זיי זיינען דאָך פרעמד צו אונז,
קענען דאָך אונזער לשון ניט,
שוין ניט רעדענדיג די נשמה, די נשמה פון פאָלק,
אזוי רייך אין גייסט, און פאר זיי אזוי אָרעם,
פאר זיי אזוי נאקעט, אזוי אלט ברודיג נאקעט,
אזוי שמוציג דאָס הייליגסטע און שענסטע ביי אונז!

## ח.

רעדען מיר, ווערען מיר הייסער, און אויגען ווערען גרעסער,
און דער געוועהנליכער צימער אזוי גראמער און ווייסער,
און פון גאס, וואו עס ציהט זיך פון הימעל א נאכט,
קומט א יום טוב געפוצטע ווייל פון ערוואַרטונג.
טונקעל און טינקלער. א פאָר שטערען אין פענסטער
זאָגען אָן: מעריב צייט געקומען.
עס רעגט זיך א ליכט-פאס הינטער א ווייס זייד פרוכת.
ברענגט עמיצער סטרינאָווע ליכט, גאז לאמפען,
זונען פון טאָג, צו גאָר די גרויסע וועלט ליכט ? —
ווייל דאָרט ווארפען זיך און שלינגען זיך
איין גרויסע ליכט אין א גרעסערע,
און די גרעסערע אין א גרעסערע,
און אזוי גיך, אזוי פיעל ליכט, אז מיר קענען ניט כאפען
אונזערע רעגונגען אונטער זיי.

ט.

שארט זיך אַפּ דער ווייס זיידענער פּרוכת־פּאָרהאנג,
און מיר זעהען די נשמה פון יום טוב:

### .9

אונזערע טישען אזוי פלוצלינג, אזוי באצויגען
מיט ווייסע טישטיכער, טיי, און זילבערנע לעפעלעך נעבען זיי,
און אנטקעגען קומט ארויס
הנה'לע דעם רב'ס, מיט איהר רייץ אזוי הייטעל,
מיט איהר גלאנץ אזוי גאלאנט, און ארום גלאנץ,
ווי א צירונג וואָס געהט דאָך צוזאמען —
צוויי זילבערנע לייכטער, מיט ווייסע זילבערנע ליכט,
וואָס שיסען אזוי שטראליג ווי א חלום אין א חלום,
ווי אזוינס וואָס אויגען האָבען גאָרניט געזעהן —
און אויערען הערען א שפּראך, און ווערטער געבויט אזוי
טורעמדיג,
צו איז די ליכט, די ווערטער, זיי ברענען דאָך!

טורעם פון פייער אויף טורעם פון פייער;
צו איז דאָס א טורעם, און צו זיינען דאָס ווערטער?—
ווערטער וואָס זיינען נאָך קיינמאָל ניט נאקעט
געשטאנען אין פרעכטיגען בויג און בוי
אזוי דיכטעריש, ליכטעריש, ניכטעריש,
אזוי פריי, אזוי ניי,
און מיט ליכט אין די הענט, אין די אויגען, צו אונז
זאָגט זי און זינגט זי א ליד.

## יא

רעגען זיך, בייסען זיך אלע שפּיץ פינגער,
און יעדער וואָרט וואָס פאלט ווארפט זיך ווי א שלאנג,
און די לופט צאפּעלט זיך.
גרוילען אלע אויערען וואָס זיי הערען פון ווערטער,
צו זיינען דאָס ווערטער, צו ניט ?—
ווייל איהר נשמה ברענט אין יעדען וואָרט,
ווייל יעדער וואָרט ברענט אויף יעדען אָרט,
דאָ און דאָרט,
ווייל יעדער אָרט ברענט מיט איהר נשמה און בלוט,
און אונזער נשמה און בלוט מישט זיך גיך אוים
אין דעם פייער פון וואָרט און בלוט,
און ווערט גיך אונזער פייער. אונזער וואָרט.

יב.

יענע ווערטער, מ'קען זיי נאָר הערען אין חלום,
און מען קען זיי קיינמאָל ניט געדענקען.
ווייל מיט די אויגען דארף מען זעהען דעם ברען
פון זייער פייער,
מיט אויגען געפאנגען אין חלום.
יענע אידישע מיידעל, מען קען זי קיינמאָל ניט זעהען,
מיט איהר רייץ ניט פון גאס און פון טאָג,
מיט דעם בראנד פון א גרויסע, א אידישע הארץ,
וואָס אָטעמט שוין מעכטיג, ווען די זאם לעגט אוועק
דעם אָנזאָג פון ניי אידיש דור. —

יג.

יענע אידישע מיידעל, יענער אידישער בראנד, —
די מיידלעך פון אלטע, גאָר אלטע צייטען,
אָדער די ווייטע, די ניי־נייע וואָס קומען.
א קינד פון א הויז דורות־לאנג אונטער זונען און הימלען
געצערטעלט און געוואַרעמט, און געקיהלט זיך און
געעלטערט זיך,
און ווידער זיך באנייט. הייס בלוט, הייסער פון פייער.
דערפאר זידט דאָס ליד.

**יד.**

מיר הערען און ווערען צוריסען פון הערען,
ווייל מיט יעדען ברעם-בויג פון איהר ווייך אויג
שניידט זיך א פאסשטיק פון איהר נאקעטען פארגאנגען
פון איהר ניט לאנגען לעבען און פיהלען (אזוי
לעבען, אזוי פיהלען!),
צווישען אונז און מיט אונז,
דאָס לעבען פון אונזער א גליד פארדעקט
פון אונז,
מיט אונזער אייגען פלייש און בלוט,
און פארפיהרט, מיט אונזער שולד,
און פארנארט, און גענארט, מיט אונזער ליגען פון לעבען,
מיט אונזער פאלשען אָנשטעל פון גלויבען אין זיך,
און אויסגעהן אין גייסטיגען הונגער.

## טו.

מיר הערען —
מען קען דאָך ניט געדענקען די ווערטער,
אָבער דאָס איז וואָס זיי האָבען געלאָזען צו מיינען: —
איהר האָט אלצדינג, מענער,
און איהר האָט אויך אונז, מענער.
און אלץ איז פאר אייך געמיינט און געמאכט,
טאָג און נאכט. לערנען און לעבען, און נייע וועלטען
אויסגעקלערטע,
און מיר זיינען רייך, ווען מיר זיינען מיט אייך,
און אליין, זיינען שען, אזוי אָרעם,
אָהן גאָרניט, מיט אונז, מיט אייך אין אונז;
אָהן גייסט, מיט אונז, מיט אייער גייסט אין אונז;
און אייער גייסט שיינט צו אונז, פון אייך צו אונז,
און אונזער לוסט איז פון אייך, און אָהן אייך פוסט,
און אונזער לעבען, און אונזער נאכט און טאָג
איז פול מיט אייך, אזוי פוסט מיט אונז!

## טז.

ווערט נאָך א פּרוכת פאר אונזער אויגענבליק,
און ער שארט זיך אויף צום ווייז פון איהר
זילבער ליכטיג פינגער,
און דאָרט זיצט איהר אינגער חתן, נאָך די זיבענטעגמאָלצייט,
צווישען ליכט וואָס צינדען זיך, און בינדען זיך ארום איהם,
און געהען אוים צווישען נייע ליכטער וואָס ווייהען
מיט ווינטען, וואָס צערען די ליכטען גיך אוים,
און די ווינטען, מיט איהם צוזאמען,
ווערען פלאמען,
וואָס שלינגען איהר שטים, איהר רוף, איהר געזאנג
מיט איהר הארץ,
ביז א רויך־וואָלקען פארשלינגט אלץ אין שווארץ.

## יז.

אין דער פינסטער זעהן מיר ערשט, ווי עס ווייסט זיך
פון איין ביז צווייטען וואנד,
צווישען אונז און איהר, וואָס לאָזט שטיל איהר שטים פאלען,
נאָך א ווייטער ווייסער פאָרהאנג.
וואָס פלאטערט אונטער ווינט, אונטער לופטיגע רעגונג,
וואָס הויבט אויף די שטילע שטים
אויף א טאָן העכער, א טאָן העכער, און העכער.
אזוי קומט מיט די העכערע טענערגעזאנגען ארויס
איהר ווייס ליכט זילבער האנד,
און שארט אָפּ די וואנד,
און די ווייכע אויגען אזוי ביטער שיסען
מיט האס צו א ווינקעל, וואו מיר ווערען געריסען
מיט גרויל, אז דער מח צושניידט זיך אין צוויי,
און זי שטעהט שוין אין ווינקעל, און נעבען איהר ליגט
אויף א בעט, צווישען פארוואָרפענע קישענס און צוריסענע
פעדערען,
א מענש מיט אָפענע אויגען, טויט.

### יח.

מיר ווייסען שוין אלץ, נאָך איידער מיר ווייסען. —
אונזער האנט האָט פארגאָסען דאָס בלוט !
אונזער זינד. ליכט צאנקט, און האלז שטיקט,
און באלד ווערען מיר אין אונזער אייגען שרעק
דערשטיקט. — דאָס איז דאָך א חלום,
דער געזאנג פון שרעקען און זינד !
געוווּג זיך שטיקען מיט די אייגענע פינגער,
געוווּג זיך געריסען צו בלוט פון גלוט פון וואָרט ! —
אזוי קומט באוואוסטזיין, און מיט איבערמענשליכע כחות
צורייס איך אין מיטען מיין חלום.

יט.

אין צימער ביי מיר אין בעט. סוף נאכט ביי מיר אין פענסטער.
פינסטערניש אין די ווינקעלעך און חלום צוזאמען
מישען זיך אין פלאָנטער פאר מיין אויג.
א וויים געשטאלט, א האלב געשטאָרבען וואָרט
פארשווינדט אין שאָטען מיט א באנגען עכאָ אין מיין צימער.
אזוי מאך איך ווידער צו די אויגען, און אזוי קום
איך צוריק,
צו זעהען דעם סוף פון דעם חלום. —

## כ.

אין דעם זעלביגען פלאטער־פלאָנטער, אין דעם זעלביגען
טונקעל,
און מיר אלע אין דעם זעלביגען ציטער.
און ווידער זי ציהט דעם זעלביגען פאָדעם,
א געזאנג פון טויזענד אין איין נאכטיגען כישוף,
פון איהר און צו איהר, פון אונז און צו אונז.
ניי בלוט. רויט בלוט. עס בלוטיגט די שטילקייט
געוויגט פון איהר ווערטערקלאפּ, און אונזער אטעם קלאפּט:
איז געוועז, און געוועז, און אזוי איז געוועז,
דאָס וואָס געדארפט איז געוועז.

## כא.

די גאלאנטען פון בריסק פארזאמעלט ביי די פענסטער,
וואָס רעדען אין רוסיש, שניידען אָפּ אין א שוויינען,
און זעהען וואָס מיר אלע זעהען:
א קינד איין טאָג ניט אלט, קאלט און בלאס,
מיט איין טראָפּען בלוט, ניי בלוט, רויט בלוט,
וואָס קיהלט זיך און שווארצט און גליווערט אין קנייטשען.
מאמעס שארפע וואָלפענציינער קריצען בייז
צום טאטען פון זינד און צום קינד פון זינד,
און צו די זינד וואָס איז געשטאָרבען פון איהר האנד,
ווייל אזוי האָט זי געוואָלט.

## כב.

די גאלאנטען פון בריסק, איז דאָך די חנה׳לע צו זיי
געווען א תורה שבת טאָג און מאָנטאג און דאָנערשטאג,
צו ווענען צו זינגען שטילע לידער פון לויב,
צו ווענען צו שיקען שטילע אויגען פון געבעט,
צו ווענען זייער חבר זאָל ברענגען זייער נאָמען,
און בינדען מיט איהר נאָמען צוזאמען. —
די גאלאנטען פון בריסק וואָס זינגען איהר נאָמען,
זיי האָבען זייער שליחות פארלאָרען. —
עס איז געווען א נעץ, זייער חבר און די חנה׳לע
האָבען ניט געזעהן און האָבען ניט געוואוסט.
וועבט זיך א זינד, וועבט זיך א געזאנג,
ציהט דער געזאנג אויס די כחות,
בלייבט איבער געזאנג מיט א נעץ, אין א נעץ,
אזוי איז זינד געגאנגען און געווארען געפאנגען
אין נעץ,
און געזאנג איז געבליבען —
געזאנג.

## כג.

זוערט רײנער דער טונקעל, און װײסער פון טאָג
די ליכט פון דעם צימער און חנה׳לעס גלאנץ.
און די װײכע אױגען װאָס פאלען אין געװאַשענע אומשולד,
די װײכע אױגען װאָס פלאָנטערען זיך אין אונז אין זײער
גראציע,
די װײכע אױגען װאָס זינגען געזאנגען
אין דעם געזאנג פון געזאנגען,
די װײכע אױגען װערען װידער שטיל, פארגעסען זײער װיל.
אָבער מיר װײסען װאויל װאָס זײ װילען:
אויף די בולװארען דאָרטען ציהען נײע בלימלעך
אויף די גראָבענס װאָס ציהען זיך װײט אװעק
מיט גראָז-טאָלען.
נײע בוימלעך ציהען העכער און װאקסען העכער,
ביז דער טאָג קומט מאָרגען,
קומט ער בלײכער, בלײך און ליכטיג, ריכטיג
צו דער צײט, קען דאָך אנדערש גאָר ניט זײן. --

איז דאָ גאָר גאס און הימעל ווייט,
שול הויף ביז ארויף, ביז די נייע בולווארען,
רב׳ס שטים הערט זיך גאנץ, פון ווייט ביז אומעטום,
ביז די יונגען וואָס געהען מיט שטעקלעך דאָרט ארום.
זיי רעדען פון אידען, און ער רעדט פון אידען,
איז אזוי ווי זיי רעדען אלע איין זאך,
נאָר יענע רעדען מיט שטעקלעך, און די הענט
רוהען ניט, און פלאקער פייער ברענט,
אויגען מיט ווערטער ברענען. —
און ער איז באזאכט, כמעט פארטראכט,
און אָט לאכט ער אין זיין ווייכקייט, ווייל ער ווייסט,
אז דער רמב״ם און דער ראב״ד שלאָגען זיך פונקט
אויף דעם פונקט,
ער ווייסט א ירושלמי מיט א משנה,
און דער אלשיך איז אויך אין מיטען.
ווערט ליכטיג פון זיין אויג אויף די קנייטשען פון זיין שטערען,
ווייל אלץ איז ווי ער האָט געוואָלט.

## כד.

און חנה׳לע און איהר ווייס זיידען קלייד
איז גאָר ניטאָ. אפשר פארלאָרען געוואָרען
אין דעם לעצטען קלאנג פון איהר געזאנג;
אפשר — אין דער גרויסער הויז
וואָס קומט ארויס און פאלט אריין אין שול הויף
ווייט ארויף, ביז די שטימען וואָס קומען און ווערען
איין שטים, אונזער שטים אויף אונזער גרויס וועלט?
חנה׳לע, אונזער חנה׳לע! —
פון אונז און צו אונז וועט נאָך לאנג, ביז לאנג,
קלינגען דער זינגען פון דיין געזאנג,
וואָס ברעכט זיך און פאלט אזוי אוועק ביז אונזער ווייט.
חנה׳לע, מיט אונז,
פון דיר צו אונז, מיט דיר און מיט אונז,
דיין ליכטיג וואָרט,
ליכטיג,
ליכטיג,
וואָרט.

# ערשינען אין פאַרלאַג לעבען

## יונג אמעריקא

פארטרעטען און קריטיקען

פון נ ח ש ט י י נ ב ע ר ג

מיט א פאָרוואָרט פון ב. ריווקין

---

צווייטע אויפלאַגע :

## אין קינדער לאַנד

קינדער לידער

פון ל א ה ק. ה אָ פ מ א ן

מיט אן איינלייטונג פון אברהם רייזען

צייכענונגען פון א. וואָקלקאָוויטש און יואל לעוויט

---

## אויף די וועגען פון ווינט

פון נ ח ש ט י י נ ב ע ר ג

מיט צייכענונגען פון ז. מאוד

---

## מיין שטאָט בריסק

א ליד אין פיראונצוואנציג געזאנגען

פון ה ע ר מ א ן ג אָ ל ד

---

## פון אַ ליבע

פון נ ח ש ט י י נ ב ע ר ג

באצירט פון ז. מאוד

# ביכער וואס ווע̄לען ערשיינען

## ק ר י ט י ק

נעשפּרעכען וועגען לעבען, ליבע און טויט

פון נ ח ש ט י י נ ב ע ר ג

פּרייז $2.50

פּאַר סובסקרייבער $2.00.

---

## קליינע אין דער גרויסער וועלט

ערצעהלונגען פון קינדער לעבען

פון לאה ק. האָפּמאַן

מיט בילדער פון די בעסטע קינסטלער

פּרייז $2.00

פּאַר סובסקרייבער $1.75

---

## די נייע אידישע פּאָעזיע

א קריטישע אנטאָלאָגיע

פון נ ח ש ט י י נ ב ר ג

פּרייז $3.00

פּאַר סובסקרייבער $2.25

עס ווערען פּאַרפּערטיגט צום דרוק קליינע ביכלעך פון:
פּרץ הירשביין, א. ראבאי, י. אפּאטאָשו, י. קיסין,
דוד אינגאטאָוו, הערמאַן גאָלד, אַל. גוריה, לאה ק.
האָפּמאַן, נח שטיינבערג און אנדערע.

**פאַרלאַג לעבען**

c|o D. Pinsky, 84 Bowery, New York.

צוויי זעהר אינטערעסאנטע ביכער:

ד י  א י ד י ש ע  מ ל ו כ ה

פון ל. שאפּירא

פארלאג  נ י י  צ י י ט

ד ע ר  ג ו ל ם

פון ה. לייוויק

פארלאג  א מ ע ר י ק א

נח שטיינבערג.